געװען, אַז בײַ מיר איז אַ זוהן מיט 23 יאָהר צוריק געשטאָרבען אַנ'עופּל'ע פֿון עטליכע װאָכען, און איז פֿאַר צװײ־יאָהרען צום פּרײַזיון ניט געקומען?

— איך פֿערשטעה אײך לְגַמְרֵי ניט.

דער בעל־הבית האָט איהם געגעבען צו פֿערשטעהן דעם געזעץ פֿון די 300 רובל שטראָף, װאָס פֿאַלט מעהר ניט װי אויף אידען.

— איך האָב צונויפֿגעקליבען התימות פֿון שטאָדט, האָט דער בעל־הבית געענדיגט, אַז דער זוהן איז געשטאָרבען — און עס האָט אַלץ ניט געהאָלפֿען. אַ אידען איז ניטאָ קײן גלויבען און מײַן שטוב איז דערװײַלע געבליבען אין קאַזנאַ.

— אַ גוואַלד, װאָס פֿאַר אַ װילדער געזעץ בײַ אײך איז, אַ גוואַלד!

— און יעדער איד האָט זיך זײַן פּעקעל צרות, יעדער איד לײַדט גלות אויף אַ בעזונדער אופֿן. אָט האָב איך אַ פּלימעניק, אַ יתום, אַ בחור שוין עטליכע און צװאַנציג יאָהר, אַ געװעזענער עלוי. אַ מאָל האָט מיט איהם די װעלט געקלונגען; דער ראש־ישיבה האָט געזאָגט, אַז פֿון איהם װאָלט אַרויס אַ צאַצקע אַ זאַך, נאָר ניט דאָס בין איך איצטער אויסען. עס האָט אין איהם אַרײַנגעבלאָזען אַנ'אַנדער װינד און ער האָט זיך אַ קער געטהון אין בילדונג, אין השכלה זאַכען. אין אַ יאָהר צײַט האָט ער אויסגעהאַלטען די עקזאַמענס און געװאָלט פֿאָהרען שטודירען אויף אַ דאָקטאָר צו אויף אַנ'אַדװאָקאַט, כ'װײס אויף װאָס — האָט מען איהם ניט צוגענומען, װײַל ער איז אַ איד (אַזש אויף מײַנע שׂונאים געזאָגט געװאָרען, װאָס פֿאַר אַ איד ער איז). איצט װאַלגערט ער זיך ערגעץ אין אויסלאַנד אָהן אַ ביסען ברויט. אָט איז אײַך אַ יוד! איך זאָג, אַ קאָפּ — אַ גאון בפֿועל ממש, און נאָר ניִשט...

— הײַנט אַדרבא, אַדרבא, בלײַבט דאָך טאַקי אַלץ מײַן שאלה, פֿאַר װאָס זאָלען זיך ניט צונויפֿרײַדען אָט די, װעמען עס איז ניט גוט, איך מײן די אידען מיט די בויערען אין אײנעם?

— איך האָב דאָך אײַך געזאָגט, אַז דאָס איז ניט מעגליך.

— איך װעל אײַך זאָגען דעם אמת ר' שמעון, אַז אַזעלכע זאַכען לִיגען מיר אַפֿילו אין דער לינקער פּאָה ניט. װער האָט דאָס צײַט צו קלערען װעגען אַזעלכע זאַכען? די װעלט האָט זיך ניט פֿון גאַנז אָנ־

געהויבען, ניט מיט אונז וועט זי זיך אויסלאָזען. לאָז געהן, ווי עס געהט.
— דאָס, זעהט איהר, האָט איהר אַ גרויסען טעות. וואָס הייסט: זאָל געהען, ווי עס געהט! אַז מיך אַרט ניט פאַר זיך, טאָ חעמען וועט פאַר מיך אַרען? נאָר — אַליין! יעדער, ווען עס איז ניט גוט, דאַרף זעהען זיך אַליין העלפען, ניט וואַרטען אויף לייטען. בפרט, אַז ניט גוט, ווייס איך, איז כמעט אַלעמען.
— זאָלט איהר געזונד זיין, ר' שמעון, איהר רעדט אין פלוג אַפילו גאָר צו דער זאַך. אַ סך קלינגער נאָך פאַר אונזער שטאָדט מגיד, נאָר דאָך... ווי רעדט מען זיך דאָס צוזאַמען מיט אַ וועלט מענשען? און אַגב, וואָס זאָל איך אייך זאָגען, זענען עפּעס גלאַט אידען מיט גויים קיין פאָר ניט.
— פאַר וואָס עפּעס קיין פאָר ניט? און פאַר וואָס ניט צונויפ־ריידען זיך? דאָס איז דאָך ביידענס טובה! אַדרבא, איך רעכען, אַז אי די אידען אי די בויערען וואָלטען זיך דערפאַר אָנגעהאַפּט מיט ביידע הענד.
— אַז איהר זאָגט, ר' שמעון, צונויפריידען זיך! צונויפריי־דען זיך מיט אַ גאַנצער וועלט, איז דאָך שוין אַ גרויסער ענין. וואָס דאַרפט איהר מעהר, אָט איז ביי אונז אין שטאָדט, אין קלע־נערע עולמות, סך הכל אַנ'אופראַווע... נאָר איהר ווייסט דאָך אודאַי ניט, וואָס דאָס איז, וועל איך אייך בקיצור זאָגען. יעדע שטאָדט קלייבט אַליין גופא אויס עטליכע מענשען, זיי זאָלען פיהרען די בעל־הבתישקייט פון שטאָדט און דאָס רופט זיך — אופראַווע. היינט די אופראַווע־לייט האָבען דאָך אודאַי, אין פלוג, געדאַרפט זעהען נאָר די טובה פון שטאָדט. איז וואָס לאָזט זיך אויס, אַז זיי זענען אַרויפגעפאָהרען אויפ'ן שטאָדט רייטענדיג און שטעלען די שטאָדט בדלות. אָט האָבען זיי זיך דיר אַנימעלט מישב געווען און געמאַכט אַזאַ מין גזירה: יעדער בויער, וואָס קומט אין שטאָדט אויפ'ן מאַרק, דאַרף צאָהלען 5 קאָפּיקעס פאַר דעם אָרט. אָט מאָרגען איז ביי אונז אַ יריד. אַז איהר פוילט זיך ניט, געהט אַריבער אויף אַ טשעקאַ־וועס אַ קוק טהון, וואָס פאַר אַ גזירה דאָס איז. עס איז שוין צו זאָגען אַ גזירה, אַ גזירה צו אַ גזירה איז ניט גלייך! זיי האָבען אַ העלפט שטאָדט בפועל ממש בדלות געשטעלט. עס ריהרט אָן אַלע־מען! דער מאַרק־הענדלער איז דאָך ניט שייך צו זאָגען אָבגעקוילעט אָהן אַ מעסער; ניטאָ וואָס צו קויפען, וואָס אַ האָר איז ווערט, אַז

דער גוי האָט לגמרי אויפֿגעהערט אין שטאָדט צו פֿאָהרען, די הענד־לערקעס, די אָרימע ווייבער, נעבעך...

— איך שלאָג אייך איבער די רייד, ר' חיים — אַזוי האָט דער בעל־הבית נעהייסען — נעהמט ניט אָן פֿאַר אונגוט. זאָגט מיר, זייט מוחל, וואָס זענען דאָס אַזוינס „מאַרק־הענדלער"?

— דאָס זענען גאָר פּשוט אַזעלכע אידעלעך, וואָס קויפֿען אויף ביים גוי אויפ'ן מאַרק: תבואה, לייַנזוימען, פֿלאַקס, הזיר־האָר, פֿעלכ־לעך א. ד. ג. און פֿערקויפֿט נאָכדעם אַ גרעסערען סוחר, אָדער גלייך אין קאָנטאָר, און די שיקען עס אַוועק אין אויסלאַנד. אין אויסלאַנד האָבען זיי וועניג אייגענעם ברויט, פֿערשטעהט איהר מיך, און פֿון די זוימען, פֿלאַקס, הזיר־האָר, פֿעלכלעך מאַכט מען דאָרט אַליין לייַוועַנד, בערשטלעך, בייטעלעך, האַנדשוה א. ד. ג.

— גוט אַזוי... אַז די מאַרק־הענדלער קויפֿען דאָס אויף ניט פֿאַר זיך, נאָר פֿון לייטענס וועגען, טאָ וואָס געהט זיי עס אַזוי אָן, אַז דער גוי האָט אויפֿגעהערט אין שטאָדט צו פֿאָהרען? לאָז די קאָנ־טאָר זאָרגען. וואָס איז דאָס זיי נוגע?!

— זאָלט איהר געזונד זיין, ר' שמעון, איהר פֿערשטעהט גאָר די וועלט ניט. איהר מיינט, אַז די מאַרק־הענדלער טהוען דאָס פֿאַר מצוה וועגען. ניין, ליעבער ר' שמעון, רק צוליעב דער קאָפּיקע, צוליעב דער ביטערער פּרנסה...

— וואָס הייסט צוליעב דער קאָפּיקע, ווי אַזוי דען?

— גאָר פּשוט: זיי קויפֿען, למשל, ביים גוי דאָס בינדעל פֿלאַקס פֿאַר אַ רוב׳ל און פֿערקויפֿען עס אין קאָנטאָר פֿאַר אַ רוב׳ל מיט אַ פֿיערטעל אָדער אַנדערטהאַלבען.

— הייַנט פֿאַר וואָס זאָל דער גוי גופא ניט פֿערקויפֿען זיין בינדעל פֿלאַקס אין קאַנטאָר טייַערער? אויף וואָסערע כפרות דאַרף ער דעם מאַרק־הענדלער פֿאַר אַ מעקלער?

— און וואָס זאָל דער איד טהון, לייגען די ציינער אויפ'ן פּאָליצע?

— זאָל ער אַליין אַרבייטען... אָבער וואָס איז דער גוי שול־דיג? ער האָרעוועט, האָרעוועט און דאָ קומט דער איד און נעהמט ביי איהם פּשוט אָב זיין האָרעוואַניע אומזיסט און אומנישט.

— וואָס הייסט דער איד נעהמט אָב? דאָס איז דאָך זיין עסק, זיין כשר'ע פּרנסה, אַ שענער אָבנעהמען, ניטאָ וואָס צו רייַ־

דען! סטײַטש! ווי דען, וואָס איז, ער גנבעט בײַם גוי, ער נעהמט בײַ איהם מיט גוואַלד? ער בעצאָהלט איהם מיט גוט געלד. אַי, ער פערדיענט דערבײַ וואָס: איז ווי דען זאָל זײַן? אַזוי פיהרט זיך די וועלט, ר' שמעון, דער איד לעבט פון גוי, די קאַנטאָר פון דעם אידען, אויסלאַנד פון די קאַנטאָרען און דאָס רעדעלע דרעהט זיך.

— הערסט דו, אָט דאָס איז דאָך טאַקי מײַן קשיא! פאַר וואָס לעבט דאָס עפּעס איינער פון דעם אַנדערן? דאָס איז דאָך טאַקי אַנ'עולה. יעדער דאַרף אַלײן אַרבײטען אום צו לעבען, ניט לעבען פון יענעמס מיהע.

אָסור, אויב איך פערשטעה! אַוודאי פון מיהע און מאַטערניש, ווי דען! און וואָס מיינט איהר, אַז דעם יודען קומט אָן גרינג אַ קאָפּיקע פרנסה, אָהן יסורים. אָה, ר' שמעון, ווי דער שטערען שוויצט אָן, ביז מען פערדינט אַ קאָפּיקע.

— אָבער די קאָפּיקע, וואָס ער פערדינט, איז דאָך פאָרט דעם גוי'ס און ניט זײַנע: דער גוי האָט דאָך געהאָרעוועט אויפ'ן פלאַקס, ביז ער איז געוואָרען אַ סחורה, און ניט ער...

— הײַנט אם כן פרעגט אויפ'ן קאַנטאָר, וואָס פערדינט אין פלאַקס, ווייס איך עשרות אלפים, פאַר וואָס איז אייך דווקא דעם אידענס קאָפּיקע אַזוי גרויס אין די אויגען?

— דאָס איז נאָך אַ גרעסערע עולה...

— איז וואָס דען ווילט איהר? אַז וואָס? אַז אַלע בויערן זאָלען אַלײן פאָהרען אין אויסלאַנד פערקויפען יעדער זײַן בינדעל פלאַקס, זײַן פעקעל חזיר־האָר, כ'לעבען איהר רעדט גאָר מי יודע וואָס...

— דאָס וואָלטען זיי זיך שוין געגעבען אַנ'עצה; זיי וואָלטען איינעם שיקען אויף קהל'שע הוצאות, אָדער מען וואָלט צו זיי קומען פון אויסלאַנד. אָבער ניט גלאַט אין דער וועלט אַרײַן, זייער טרחה זאָל בלייבען בײַ די הענדלער, בײַ קאַנטאָריסטען.

— פאָלגט מיך, ר' שמעון, לאָמיר לאָזען דעם פלפול אויף אַנ'אַנדערט מאָל. איך וויל אייך אויספיהרען דעם ענין פון מאַרק־שטײַער. זאָג איך אייך, אַז מען האָט פשוט אָבגעקוילעט אַ שטאָדט פון גרויס ביז קליין. נעהמט, למשל, די הענדלערקעס, די אָרימע ווײַבער נעבעך, זיי זענען געבליבען אָהן אַ ביסען ברויט: מען קען זיך אַ הון, אַ צעהנדליג אייער, אַ מעסטעל קאַרטאָפעל ניט דערקויפען. די זעלבע זאַך די בעלי־מלאכות, וואָס טראָגען אַרום אויפ'ן

מאַרק די בוּערשע שטיוועל, היטלען, אַלטע קליידער, אַפּילו די, וואָס האָבען מיט׳ן מאַרק קיין געשעפטען ניט, האָט דאָס אויך אָנ־געריהרט: אַ וועגעל האַלץ, אַ וועגעל היי איז געוואָרען אין דרייען, אַז מען וועהט אַ גוי אין די אויגען ניט...

שמעון האָט געדריקט מיט די אַקסלען.

— אָט איז אייך אַ געזעץ ניט פֿון מלוכה און מען קען אויך ניט העלפֿען; דער געזעץ וואַקסט סך־הכל גאָר פֿון אונזער איינעם, פֿון אַ יהודי, — אופּראַווע, דאַרפֿט איהר וויסען, ר׳ שמעון, אָהן אַ אידען, איז עפּעס, ווי אַ קאָזאַק אָהן דער פּיקע; אין יעדער אופּראַווע כמעט איז דאָ אַ איד, וואָס פֿיהרט די גאַנצע גראַנדע. ביי אונז איז פֿאַראַן אַ שעפּע דער גלאַסנער, אַ בלוט־צאַפּער, אַ קהל׳־שע פּיאַווקע, וואָס איז צו איהם קיין גלייכען ניטאָ. עס איז איהם וועניג די וועלט: די לאַנטערנעס, היי פֿאַר פֿאָזשאַרנע, די גאַסען ברוקירען, פּוצען די שטאָדט פֿאַר דער קאָראָנאַציע, דאָס איז אַלץ זיינע געשעפֿטען. ניין! איהם איז נאָך וועניג! האָט ער דיר אויפֿגעטהון אַ נייע סברה: מאַרק־געלד, דוהע־געלד, שדים וויסען איהם וואָסער געלד, וויטער אַ געשעפֿט, וויטער אַנערטעל, וואו קהל׳שע געלד צו צאַפּען. אי די שטאָדט ווערט בדלות? בלייבט דאָס איהם די לעצטע דאגה.

— איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, ר׳ חיים, די גאַנצע מעשה מיט די הענדלער, מיט די קאַנטאָרען איז מיר לגמרי ניט געפֿעלען: פֿאַר זיך אַ גולה, וואָס פֿערלויפֿט ניט אין דער וועלט; דערינען דאַרף וועהר ניט אַ כשר׳ע פּרנסה, אַ גרויל ווי ניט, נאָר... נאָר איינס איינס צום אַנדערען איז ניט שייך, דער אָבצאָהל, די דוהע־געלד איז די שטאָדט אוודאי ניט שוויגען.

— נו, ניט שוויג, שריי צו גאָט! וואָס מאַכט מען מיט אַזאַ רוצח? ער רייסט דערווייל די לעצטע קאָפּיקע און דער עולם ליידט און שווייגט.

— פֿאַר וואָס זשע ליידט מען? ניט געצאָהלט אַ קאָפּיקע ניט, און אויס עסק.

— איהר פֿערגעסט, ר׳ שמעון, אַז דאָס איז ניט ביי אייך אין וואַלד. ביי אונז איז דאָ גאָלע קנעפּלעך צוליעב אַזעלכע מעשיות.

— דאָס איז הויך, מען הערט ניט נעהמען אַ מאַרק מיט מענ־שען און כ׳וויים וואָס.

— אָבּער איך טענה אַליך מײַן טענה, ווי רעדט מען זיך צונויף מיט אַ מאַרק מענשען.

— דאָס איז ניט אַזוי שרעקליך, ווי איהר מיינט. אָט אַדרבא לאָמיר זיך מאָרגען נעהמען דערפאַר, אָט וועט איהר זעהן, אַז מען וועט אויספיהרען.

— הלואי זאָלט איהר אמת זאָגען, די שטאָדט וואָלט אייביג דאַנקבאַר זײַן.

דערמיט האָבען זיי געענדיגט דעם געשפּרעך.

אויף מאָרגען אָקאָרשט בעגינען איז שמעון מיט דעם בעל-הבית אַוועק אין מאַרק.

פאַר שמעון'ען איז דאָז געוועזען עפּעס אַליך נײַ: יודען לויפען אַרום, ווער מיט אַ בעזמען אונטער'ן האַנד, ווער מיט אַ פלאַקס מעסער, ווער מיט שוך-וואַרג, ווער מיט היטלען, מיט אַלטע קליידער אויף ביידע הענד און ווער געהט אַרום אַזוי גלאַט שמעקען, שנאָרען... אויפ'ן מאַרק זענען נאָך כמעט קיין פּויערן גאָר ניט געוועזען: עס האָט זיך נאָך דער מאַרק ניט אָנגעהויבען.

— גוט מאָרגען, יודען! האָט שמעון'ס בעל-הבית אַזאָג געטהון צו אַ רעדעל מיט מענשען, וואָס זענען געשטאַנען גלאַט אַזוי און געשמועסט אין דער וועלט אַרײַן, סוהרישע נײַעס, וועלטליכע נײַעס.— גוט מאָרגען! איך האָב אַזאַ און אַזאַ אורח. (ער האָט זיי אָנגעוויזען מיט'ן גרויסען פינגער אויף שמעון'ען) און ער האָט זיי דערצעהלט אַליך מיט אַנאַנדער.

יעדערער האָט קודם כל שמעון'ען אַרײַנגערוקט אַ „שלום עליכם" אַ פרעג געטהון אין דער גיך „מה שמכם?" אָדער עפּעס אַנ'אַנדער שאלה פון די געוועהנליכע שאלות, ביז מען איז אַרויף אויף דעם ענין פון דוהע-געלד.

— מיינט איהר דאָך, האָט זיך אָבגערופען שמעיה דער מעקלער, אַז ר' שמעון איז ניט גערעכט,— גערעכט ווי גאָר די וועלט, ווי איהר זעהט מיך אַ יודען. וואָס דען: קוקען זיי אין די ציינער, די קהל'שע געלד-פרעסער? זאָט זײַן מיט די געגזלעך און מיט די גריבענעס, וואָס זיי פרעסען אַרײַן אויף קהל'שען רעכנונג! איהר טהוט נאָר אַ קוק אויפ'ן מאַרק: עס איז דאָך געקומען, בפועל ממש, אָנטהון אַ טאָרבע און געהן איבער די הײַזער. אַ קאַטאָוועס דער יריד:

דער מאַרק פלעגט זיך דאָך ברעכען, מען פלעגט דאָך פערדיִנגען אויף דריַי הדשים ברויט, און איצט, וועהט נאָר, ס'איז נאָך אַ הונד ניטאָ!

— אַ נויט איז טאַקי דעם גוי צו פאָהרען דוקא צו אונז, האָט אונטערגעכאַפּט אַ בעיאָהרענטער יוד, וועהר אַ געניטער מענש. וואָס פעהלט איהם כאַנדיקעווע, וואו ער צאָהלט גאָר ניט? פאָהרט ער נאָך 20 וויאָרסט. ער דאַרף דען ווי אונזער איינער פוה־יען דינגען? און אַז ניט זיצט ער דיר גאָר אין דער היים. אויף וואָסערע כפּרות דאַרף ער די שטאָדט: ברויט האָט ער, מילך האָט ער, לייַנוואַנד האָט ער. טאָמער דאַרף ער קעראָסין איז איהם גוט קינעלעך, שפענדע־לעך. אָבער אַנ'אונזער איינער, אַ יוד וואָס זאָל ער טהון? דאָס טאָר ער ניט, יענס טאָר ער ניט. הייַנט, אַז דעם לעצטען ביסען נעהמט מען ביַי איהם אָב— איז דאָך פשוט אויס וועלט. מען דאַרף דערינגען ניט שוויַיגען, יודען, ר' שמעון איז דאָך דורכאויס גערעכט, אַז מען נעהמט ניט מיט גוואַלד, האָט מען ניט.

— אָבער ווי־זשע, ווי־זשע הויבט מען אָן?

— דאָס איז ניט אַזוי שווער, האָט שמעון געזאָגט, אָט זייַט איהר דאָך אַ יודען צוואַנציג...

— וואָס עפּעס צוואַנציג, האָט איהם איינער איבערגעשלאָגען, דאָ איז מאַרק־מענשען אונזערע אַ ודאַי פופציג.

— פופציג? כ'וויים פאַר וואָס ניט בעסער הונדערט, האָט נאָך איינער אונטערגעכאַפּט.

— מיט יונגלעך וועט זיך אָנקלייַבען גוטע ק"ן, האָט אַ דריַ־טער מוסף געווען.

— ק"ן איז אַ גוזמא, האָט אַ פיערטער אַריַינגעזאָגט.

— דאָז איז אַ קלייַנע נפקא מינה: צוואַנציג, פופציג צו הונדערט. צושפּרייט זיך אַלע איבער'ן מאַרק און רעדט איבער מיט די בויערן, עס זאָל הייַנט ווערען אָבגעטהון דער עסק: ניט געצאָהלט און אַנ'עק.

— כ'לעבען, ר' שמעון, איהר זייַט אַ גרייַליכער בעל־עצה; איהר זייַט ווערט דערפאַר אַ שמעק טאַבאַק, האָט ווידער שמעיה דער מעקלער געזאָגט, אויסשטעלענדיג די פושקע מיט טאַבאַק. יעדער פון אונז האָט זיַין קאַנט גוים, זיינע בעקאַנטע דערפער— עס וועט אַראָב ווי אַ מזמור.

— נייִן, ר׳ שמעיה, ניט אַזוי גרינג טהוט זיך, ווי עס רעדט זיך, האָט איינער אַ זאָג געטהון.

— עס איז ווערטה וויפיעל אָט דער שמעק טאַבאַק, נאָר שלאָפט דעריגען ניט און רײַבט ניט די צײַט.

די יודען האָבען זיך פאַנאַנדערגעשאָטען איבער׳ן מאַרק, יעדע־רער צו זײַנע בעקאַנטע בויערן, וועלכע זענען זיך דערווײַלע צונויפ־געפאָהרען.

— זעהט דאָך, האָט אַ בויער געזאָגט, וואָלט דיר אַ נאַש בראַט אַליין פאַלען אויף אַזאַ המציאה!

— איצט איז ניט קיין צײַט צו טאָטשען באַלעס, רײַסט איהם איבער דער יוד: איצט דאַרף מען אַרבייטען אין אונזער עסק. דו, איוואַן, זאָלסט שטעהען דער ערשטער. ביי דיר איז אַ גלאַט צינגעל און דו האָסט אין זיך העזה. אָט זיי, די טאָרבעס, האָב איך מורא, וועלען זיך דערשרעקען, אַז דער פריקאַזטשיק מיט דער סומקע וועט קומען נאָך די פינף קאָפּיקעס.

— דאָס ביסט דו גערעכט, האָט איוואַן מיט גרויסקייט גע־ענטפערט. אויף זיי קען מען זיך ניט פערלאָזען, נאָר פריהער דאַרף מען געהען גוט אַרײַנגניסען כדי מען זאָל ביי זיך זײַן בריי׳טער אין דער דעה.

דער יוד איז אַרײַן אין שיינק מיט אַ גאַנצער חברה בויערן און מען האָט אַלע אין איינעם געמאַכט אַ גוטען „לחיים״.

— אָה, אָה! האָט איוואַן געזאָגט, אַרויסגעהענדיג פון שיינק אַ ביסעל שוין „מראה־כהנ׳דיג״, אָנשטעלענדיג דעם פויסט, אָט דאָס וועל איך איהם געבען און ניט געלד! און ער מעג דאָ מיר ברײַנגען אַהער אפילו גאַנץ פאָליציי! וואָס איז מיר פאָליציי! איך שפּײַ אויף זיי!

שמעון האָט געקוואָלען פאַר שמחה, הערענדיג אַזעלכע ווער־טער, און האָט צוגערוקט זיך נעהנטער צו דער חברה.

אין אַ קלײַנער צײַט אַרום איז צוגעגאַנגען אַ פריקאַזשטשיק מיט דער סומקעלע צו די בויערן.

איוואַן האָט זיך אַרויסגערוקט צו איהם דער ערשטער.

אָט גיב ניכער די פינף קאָפּיקעס, איך האָב קיין צײַט ניט געבען דיר אַ סך צו שטעהען! דו ביסט ביי מיר ניט איינער.

איוואַן האָט זיך אַ ביסעל פערלאָרען.

— ניט גיב, איוואַן! האָט שמעון פון דער זייט אַ געשריי געטהון. פאַר וואָס קומט דיר געלד, זאָג מיר, האָט ער צום פּריקאַזטשיק אַ זאָג געטהון, דאָס איז דיין ערד, קיינער טאָר אויף איהר ניט שטעהען, וואָס?

— אָט דאָס וועל איך דיר געבען! האָט איוואַן שוין געזאָגט מיט העזה, אויסשטעלענדיג אַ פייג—אַנטלויף, כל זמן דיינע ביינער זענען נאָך גאַנץ!

— אַ קאָפּיקע וועלען מיר ניט געבען; האָט אויסגעשריען די גאַנצע מאַסע. עס האָט זיך אַרומגעקליבען אַ גאַנצע רעדעל מיט בויערן, וואָס איז אַלץ גרעסער און גרעסער געוואָרען.

דער פּאָדריאַדטשיק האָט דערזעהען פון ווייטען, אַז עס איז עפּעס ניט גלאַט, איז ער אַליין צוגעלאָפען, דורכשטופּענדיג זיך מיט ברייטקייט צווישען דעם עולם, צו איוואַנען צו.

דער עולם האָט זיך דערווייל נאָך מעהר צוקאָכט.

— געלד גיב! האָט ער אַ געשריי געטהון אויף איוואַנען און אַ טופּע געטהון מיט'ן פוס.

— קלעפּ גיט איהם! האָט מען אויסגעשריען פון עולם.

— גיט איהם דעם גראָבען בויך, ער זאָל ניט וויסען, פון וואַנען ער איז געקומען!

— שלאָגט, ברידער, שלאָגט, ווי פיעל עס קריכט!

— קלאַפּט, פאַר אונזער בלוט!

— אורראַ! קלאַפּט! האָט די מאַסע אַ געשריי געטהון.

— אור־ר־ראַ! האָט אויסגעשאָסען דער גאַנצער מאַרק ווי פון אַ האַראַמאַט.

עס איז געוואָרען אַ רעש אַ מהומה; עס האָט גענומען טרעסקען, קלאַפּען די פּאָליצייסקע פייפען... עס האָבען גענומען פליהען שייטער האָלץ, האַלבע דישלעס, סומקעס מיט קליין־געלד, עס איז געוואָרען אַ תל עולם...

*

*

אויף מאָרגען האָט מען שמעון'ען אַריינגעזעצט אין אָסטראָג און אין עטליכע הדשים אַרום פערשיקט אין סיביר, צום ברודער צו גאַסט.

## IV. אין צפון זייט.

דער דריטער ברודער, דוד, איז אװעק אין צפון זײַט אהין צו דער גרויסער שטאָדט מיט די הויכע מױערען, װעלכע ער האָט פון בוים געזעהען. ער האָט זיך אפילו ניט אָבגעשטעלט אין די דערפער, װעלכע ער איז דורכגעגאַנגען; עס האָט איהם געצויגען אהין, אין כרך אַריין.

— אָט, דאָס איז געלעבט! האָט דוד געטראַכט אַרײַנגעהענדיג אין איינע פון די גרויסע גאַסען פון דער שטאָדט... ער איז אומגעגאַנגען איבער די גאַסען, װי אַ צומישטער. ער האָט ניט געקענט אַרומנעהמען מיט'ן מוח אַזעלכע מיני מױערען, אַזעלכע לאַגערען פון אלערליי סחורות, אַזעלכע מיני אויסשטעלונגען אין די פענסטער, אַזעלכע בעלייכטונגען, אַזאַ קאָכערייַ אין די גאַסען, אַזוי פיעל גוטס, אַזוי פיעל רייַכקייט אויף יעדען שריט און טריט!

ער האָט זיך אָבגעשטעלט קוקען נעבען אַ פענסטער פון אַ מאַגאַזין, אין װעלכען עס זענען געװען אויסגעשטעלט זעהר פייַנע הפצים.

— זאָג מיר, ברודער, האָט ער אַ פרעג געטהון איינעם, װאָס איז געשטאַנען װי ער און געקוקט אויף די אויסשטעלונג, װי קריגט מען אַ הפץ פאַר זיך? דאָ שטעהט טאַקי פייַנע זאַכען!

יענער האָט איהם עפּעס אָנגעקוקט װי אַ האַלבען אַ משוגענעם.

— װאָס הייסט, „װי קריגט מען"? מען קויפט. פאַר געלד קריגט מען אַלץ.

— איהר דאַרפט װיסען, פעטער, אַז איך בין אַזאַ און אַזאַ מענש,— און ער האָט דערצעהלט, װער און װאָס ער איז,— איך װייס גאָר ניט װאָס איז געלד, װען געלד.

יענער האָט איהם אין קורצען געגעבען צו פערשטעהען, װאָס געלד איז.

— אָבער װאו קריגט מען דאָס געלד?

— שטעלט זיך װאו אויף מלאכה, אַרבייט, װעט איהר פערדינען געלד.

— ע... קלערט זיך דוד— אָט דאָס איז דער גאַנצער סוד... איז טאַקי גאָר אָהן בייז: אַרבייטען איז ביי מיר גאָר אַ פערגניגען,

איך קען גאר לײַדיג ניט געהען און פאַר מלאכה גיט מען די געלד, פאַר װעלכע מען קריגט אַל־דאָס־גוטס . . .

דוד האָט זיך דערפרעגט, װאו מען קריגט דאָ אַרבײַט, און ער האָט זיך געשטעלט בײַ אַ געמײַנעם פאַבריקאַנט אַרבײַטען.

ער האָט זיך צוגעריסען צו דער אַרבײַט מיט גרויס השק, אַװעקגעלעגט די גאַנצע כחות פון גאַנץ פריה ביז אַ שטיק אין דער נאַכט. אני אומן־יד איז ער געהעזען אַ גרויסער: צו װאָס ער האָט זיך ניט גענומען, איז דאָס בײַ איהם געװאָרען אָבגעגבּרענט אײנס און צװײ און די שטיק אַרבײַט פלעגט אַרויס אויסגעצײכענט.

דער בעל־הבית אַלײן האָט זיך איהם ניט געקענט אָבלויבען.

דוד איז געװען העכסט צופריעדען, ער האָט געמײנט, אַז אָט קריכט ער אַרויף אויף דעם גאָלדענעם באַרג; אָט קומט דער דאָנערשטאָג און מען שיט איהם אָב מיט געלד. אַז עס איז געקומען צו דער רעכנונג האָט איהם דער קאַסיר דערלאַנגט אַ צװײ־גילדענעם.

דוד האָט מיט התפעלות געכאַפּט די מטבע, אַװעקגעפּלױ־גען תיכף אין אַ שיך־װאַרג קראָם קויפען זיך קאַמאַשען (עס האָבען זיך פאַר אַ װאָך צוטראָגען זײַנע װאַלד־פּאַסטעלעס).

— גיט מיר, זײַט מוחל, אָט די פּאָר קאַמאַשען, האָט ער געזאָגט צום קרעמער, טײַטלענדיג אויף אַ פּאָר פײַנע קאַמאַשען, װאָס זענען אויסגעשטעלט געװען אין פענסטער. ער האָט זײ אָנגע־פּאַסט. דער קרעמער האָט זײ איהם פײַן פּערפּאַקט און דערלאַנגט.

דוד האָט איהם תּם'עװאַטע אַרײַנגערוקט דעם צװײ־גילדענעם און געקלעהרט שוין אַרויסצוגעהען.

— ענטשולדיגט, ר' יוד, איהר האָט אַ טעות געהאַט, האָט איהם דער קרעמער געזאָגט, װעלכער האָט געמײנט, אַז ער האָט בטעות אָנשטאָט אַ האַלבען אימפּעריאַל געגעבען אַ צװײ־גילדענעם — דאָס איז סך הכל אַ צװאַנציגער.

דוד האָט אָנגעשטעלט גרויסע אויגען . . .

— די פּאָר קאַמאַשען קאָסטען עטװאָס מעהר װי אַ צװאַנ־ציגער.

װאָס הײסט!— האָט דוד מיט האַרץ געענטפערט— איך האָב פאַר דער מטבע געהאָרעװעט אַ קײַלעכדיגע װאָך טאָג אין טאָג צו 14, 15 שעה. האָט איהר דען אויף די קאַמאַשען נאָך מעהר געאַרבײַט?!

דער קרעמער האָט עפּעס ניט פערשטאַנען, װאָס ער מײנט

דערמיט, נאָר ער האָט שוין דערזעהען, אַז דאָס איז עפּעס ניט אַ גלאַ־
טער מענש; ער האָט מיט איהם ניט געוואָלט פערפיהרען קיין לאַנגע
דבורים. אַרויסגענומען בײַ איהם דעם פּעקעלע פון האַנד, דער־
לאַנגט איהם צוריק דעם צוויי־גילדענעם מיט די ווערטער: דאָס, ר'
יוד, האָט איהר בײַ מיר ניט צו מאָנען. מאָנט בײַ אײַער בעל־הבית,
וואו איהר אַרבײַט.

דוד איז אַרויס פון קראָם ווי אַ צומישטער. מיט אימפּעט
איז ער אַוועק ווידער צום קאַסיר מיט קולות, מיט געשרײַ:

— פּטײַטש, קאַסיר, וואָס האָט איהר עפּעס פאַר אַ גאַנצע
וואָך אַרבײַט געגעבען אַזוי ווייניג?!

ער האָט איהם אַ שלײַדער געטהון דעם צוויי־גילדענעם אין
פענסטערעל אַרײַן.

— שאַ! קאָך זיך ניט אַזוי, אָט איז דיר אַ רעכנונג.

ער האָט איהם אַוועקגעלײַגט דעם צוואַנציגער אויף אַ לאַנ־
גער געדרוקטער רעכנונג און דערלאַנגט ווידער דורכ'ן פענסטערעל.

— אַזוי פיעל און אַזוי פיעל קומט פאַר 6 טעג אַרבײַט, אָב
פון דעם: שטראָף דערפאַר און דערפאַר אַזוי פיעל, אין דער פאַבריק־
קראָם אָנגענומען אַזוי פיעל און אַזוי פיעל, אין דער פאַבריק־קאַסע
קומט אַזוי פיעל. סך הכל אַזוי פיעל. בלײַבט צו דערצאָהלען: רובל
גאָרניט מיט גאָרניט), קאָפּיקעס צוואַנציג.

דוד האָט צוגענומען די רעכנונג מיט דעם צוויי־גילדענעם
(אַ ברירה האָט ער געהאַט!), אויסגעלאָזען „כל המתו" צו דעם בעל
הבית'ס קאָפּ און אַוועק פון איהם.

— שדים וועלען בײַ איהם אַרבײַטען, בײַ אַזאַ רוצה היער!

ער איז אַוועק צו אַנ'אַנדערען, ווידער געאַרבײַט וויפיעל
ער האָט געקענט, ווידער דעם בעל־הבית צופריעדען געשטעלט אויפ'ן
העכסטען גראַד און ווידער צום השבון בעקומען גאָר ניט מיט גאָר ניט.

— שדים ווײַסען וואָס, דאָס איז, קלערט זיך דוד. איך האָב
דאָכט זיך געהאָרעוועט מיט גאָר דעם כח, אַז צופריעדען איז מען מיט
מיר געוועזען. פאַר וואָס פאַרט, ווי עס קומט צום השבון — בלײַבט
איך בײַ גאָר ניט?

דוד איז פון דעם בעל־הבית אויך אַוועק און געשטעלט זיך
טהאָן בײַ אַ דריטען. פון אַ דריטען אַוועק צו אַ פיערטען. רק די
זעלבע זאַך: אַ חשבון אַהער אַ השבון אַהין — און ער געהט אַוועק

מיט לײדיגע הענד. דוד האָט זיך גענומען בעקלערען, וואָס איז דאָס פאַרט מיט איהם די מעשה, פאַר וואָס איז ער דאָס אַזאַ אומגליקליכער? ער האָט זיך גענומען צוקוקען צום עולם, צו זײנע מיטאַרבײטער, ווי לעבען זײ. ערשט דאַן האָט ער דערזעהען, אַז ער איז ניט קײן בן יחיד: אַלע אַרבײטער האָרעווען כסדר ווי די פערד 14, 15 שעה אין מעת־לעת און אַנדערע נאָך מעהר און האָבען קוים־קוים טרוקענעם ברויט מיט גרויסע צרות.

— אַך! פערפלוכט האָט זי געמעגט ווערען, אַזאַ שטאָדט, אײדער איך בין געקומען! האָט דוד מיט הארץ געזאָגט. מאַלע וואָס זי זעהט אויס אַזוי שעהן, אַזוי פערפוצט, וואָס אין די גאַסען איז אוצרות מיט גאָלד, מיט טראַמוואַיען, מיט בעלײַכטונג א. ז. ו. וועמען איז דערפון גוט? ווער האָט דערפון הנאה! נאָר אײנציגע מענשען: די גבירים.

— אַלע אַרבײטער, וועלכע איך קען און ווײס, צעהנדליגער טויזענדער מענשען וואַלגערען זיך אין די קעלערס, אויף די בוידימס אין קעלט און פינסטערניש. זײ געהן נעבעך אַרום צוריסען, צושליסען, באָרוויסע, און דאָ זענען אַזוי פיעל מאַגאַזינען מיט קלײדער, מיט שוך־וואַרג. און ווי אויף צו להכעיס איז דאָס אויסגעשטעלט אין די גרויסע פענסטער, אין אַלע גאַסען און נאָך גיט בעלײַכט דערצו: נאַ לאָפּע!..

ער האָט אַגעשריי געטהאָן און אַנטלאָפען פון דער שטאָדט. „שוין זענען אָט אומעטום אַזעלכע ווילדע פּאַראָנדקעס, עס קען דאָך ניט זײן“, האָט ער געקלערט און איז אַהעק אין אַ׳ן אַנדער שטאָדט, אין אַ דריטער, און אַ פיערטער א. ז. וו. רק די זעלבע זאַך, רק די אַרבײטער האָרעווען מיט אונמענשליכען כח און ווערען אויסגעריסען.

— הע! קלערט זיך דוד, אפנים אַז אַ׳ן אַרבײטער מוז זײן אַ קבצן; ניט אמת, וואָס יענער האָט מיר געזאָגט, אַז אויב מען וויל האָבען געלד, זאָל מען אַרבײטען; אָט האָב איך געאַרבײט, געאַרבײט, איבערגעפרובט אַלערלײ אַרבײט און... גאָר ניט. נאָר דאָך איז עפּעס ניט צופערשטעהען, וואָס איז דאָ פאַר אַ ניסים? פון וואַנען זשע פאָרט, אַז ניט פון אַרבײט, פערדינט מען געלד: פון הימעל פאַלט דאָך ניט אַראָב? פון וואַנען קלײַבט מען דאָס אָן אַזעלכע אוצרות ווי די בעלי־בתים, די פאַבריקאַנטען? קען דאָס זײן, אַז זײ האָבען געאַרבײט נאָך מעהר ווי איך, אָדער אַ קשיה אויף אַ מעשה — אפשר איז טאַקי

דאָ אַ מין שׂכל רײַך צו װערען ניט פֿון אַרבײט. מהיכא תיתי, מען דאַרף אַ פֿרעג טהאָן.

ער איז אַרײַנגעגאַנגען באַלד צו אַ גביר, און פּשוט אַ פֿרעג געטהאָן:

— זאָגט מיר, ר' קרוב, פֿון װאַנען זײַט איהר דאָס אַזױ רײַך געװאָרען:

װאָס איז דאָס אײך נוגע, ר' יוד, איהר דאַרפֿט מיט מיר אַ שדוך טהאָן?

— איך מײן דערמיט חס ושלום גאָר ניט; איך בין, דאַרפֿט איהר װיסען, אַט אַזאַ און אַזאַ יוד, און בין פּשוט אויסען דערגעהען דעם אמת.

— אויב אַזױ, זײַט איהר גערעכט. זעצט אײך, זײַט מוחל, און הערט:

אַ מאָל בין איך געװען אַ פּראָסטער שוסטער — איך שעם מיך דערמיט ניט, װי אַנדערע אויסגעװאַקסענע נגידים (דוד האָט איהם לגמרי ניט פֿערשטאַנען: װאָס שעמען זיך? מיט װאָס שעמען זיך? און פֿאַר װאָס? נאָר ער האָט איהם ניט איבערגעשלאָגען די רײד מיט אַזעלכע שאלות). קײן נגיד בין איך געװעהנליך דעמאָלט ניט געװען, נאָר מיט ברויט זױן קאַשע בין איך זאַט געװען. אַ בעל־מלאכה בין איך געװען ניט אַ שלעכטער און װי צו בעגעהען זיך מיט בעלי־בתים, מיט קונדען האָב איך געװאוסט. אַט האָב איך אין גיכען גע־קראָגען אַ שם; מלאכה האָט אָנגעהויבען צוצוקומען, װאָס װײַטער אַלץ מעהר. איך האָב מיר אַלײן ניט געקענט אײנקעהרען און האָב צוגענו־מען אַ פּועל מיט אַ פּאָר לעהרען אינגלעך; װאָס װײַטער איז אַלץ מײן װערקשטאַט געװאָרען גרעסער און גרעסער אין אַ משך פֿון 10 יאָהר האָבען שוין בײַ מיר געטהאָן 50 פּועלים און איבער הונדערט לעהרען־אינגלעך מיט שטעפּ־מאַשינען, מיט האַק און פּאַק. אַט דאָ האָב איך זיך געשטעלט אויף די פֿיס, איך האָב געעפֿענט אַ קלײט פֿון פֿאַרטיגע שוך־װאַרג, איך האָב גענומען קלײַבען געלד, װאָס געלד הײסט.

— גיט מיר טאַקי צו פֿערשטעהען, זײַט מוחל, װאָס איז אײַך צוגעקומען אין קעשענע, אַז די פּועלים האָבען געאַרבײט, זײ האָט איהר דאָך בעצאָהלט פֿאַר זײער אַרבײט?

— װאָס רעדט איהר? דאָס איז גאָר אַ פּשוט'ע זאַך: יעדער פּועל פֿלעגט בעקומען ק"ן, 200 רובל אַ יאָהר, דער בעסטער װײס

איך, פלעגט געהמען דריטהאלבען הונדערט רובל און אויסארבייטען פלעגען זיי הרכשניט ארום 500 רובל. אט איז דיר אַ קיימא לן פון איבער 10 טויזענד רובל אַ יאָהר, אַראָב אַלע הוצאות. און וואו איז ארבייט פון איבער הונדערט אינגלעך, וואָס טהוען גאָר אומזיסט? אָט אַזוי כאַפט מען דיר אַריין אין אַ משך פון 3, 4 יאָהר אַ נ׳ אלף קערבלעך און צו געלד, ברודער, געהט געלד. אָט אַזוי בין איך אויסגעוואַקסען צו מיין איצטיגער לאַגע, געלויבט איז גאָט.

אָט וואו דער סוד איז, האָט דוד געטראַכט, אַרויסגעהענדיג פון דעם גביר. אָט פון וואָס מען ווערט דאָס רייך: הונדערטער מענ׳שען אַרבייטען און זייער אויסגעאַרבייטע גוטס בלייבט ביי איינעם פאַר גאָר נישט. איצט איז שוין רעכט, וואָס אַלע פאַבריקאַנטען זענען רייך און זייערע אַרבייטער זענען אֶביונים, נאָר דאָס איז דאָך אֶמת׳ע גזלה, פשוט׳ע רציחה און מעהר גאָר ניט.

ער האָט נאָר איין זאַך ניט גוט פערשטאַנען:

פון וואַנען נעהמט זיך דאָס דער עצם געלד, „די מטבעות"? אפשר זענען די גבירים דעם עצם געלד מעהר קרוב ווי די אַרבייטער. ער האָט זיך גענומען נאָכפרעגען, וועמענס איז דער עצם געלד, די מטבעות גופא.

— געלד איז דעם קיסר׳ס, האָט מען איהם געענטפערט.

דער ענטפער איז איהם עפּעס געווען ניט גאָר צום האַרצען. ערשטענס, אַז די געלד איז דעם קיסר׳ס. טאָ פאַר וואָס קומט עס עפּעס די גבירים דוקא? וואָס זענען זיי עפּעס מעהר מחותנים מיט׳ן קיסר ווי די אַרבייטער? און ווידער האָט ער עפּעס גלאַט ניט פערשטאַנען, וואָס הייסט דאָס „דעם קיסר׳ס געלד". דער קיסר מאַכט אַליין, וואָס? ווי ער האָט זיך, אין פלוג, אָנגעהערט וועגען דעם קיסר, איז עפּעס, דאַכט זיך, ניט גלויבליג, אַז ער זאָל זיך אַליין נעהמען מישען אין אַזעלכע זאַכען, מאַכען געלד. נאָר דוד האָט פיינד געהאַט צו גלויבען אויף נאמנות; ער האָט זיך דערפרעגט, וואו מען מאַכט געלד פון אָנהויב ביז׳ן סוף און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזען קודם כל צו די גאָלד־גרובען.

צווישען צוויי הויכע בערג אין אַ טהאָל, זעהט ער געהט אַ קליין טייכעל, וואָס צוגיסט זיך ווייט איבער די ברעגען. אַרום און אַרום איז אַ זומפּ, אַ בלאָטע, איבער וועלכער עס שטעהט שטענדיג אַ געדיכטער נעבעל (טומאַן), אַז קוים וואָס מען זעהט די וועלט. דוד

האָט זיך אַראָבגעלאָזען פון באַרג אין טהאָל אַריין. אין טהאָל, אין זומפּ האָט ער דערזעהען גראָבען זיך הונדערטער מענשען, באָרוועסע, כמעט נאַקעטע, ווער מיט פערקאַשערטע הויזען און ווער במהילה, גאָר אָהן הויזען. זיי שטעהען ביז האַלב אין בלאָטע און גראָבען די ערד מיט גראָב־אייזענס. בלייכע, אויסגעדאַרטע, פער'השך'טע, איינגעהויקערטע שלעפּען זיי צום מאַשין טאַטשקעס ערד אין דער הויך, קוים וואָס זיי גלייכען נעבעך אויס דעם רוקען. נאָכדעם שווינקט די מאַשין אויס די ערד, פון וועלכע עס בלייבען איבער עטליכע גאָלדענע קערנער. די פיס זענען נעבעך ביי די אַרבייטער געשוואָלען, קוים וואָס זיי אָטהעמען נעבעך פון נאַסקייט, פון נעבעל; זיי פאַלען בפועל ממש פון די פיס.

דוד האָט זיך דערוואַרט ביז דער נאַכט; עס האָט זיך שוין איהם געוואָלט וויסען, ווי לעבען די אַרבייטער אין דער היים. נאָך אַזאַ קאַטאָרזשנע אַרבייט — האָט ער געטראַכט — האָבען זיי מסתמא אַ גוטען אָברוה, גוטע קעסט. ערשט וואו! וואָס! פּונקט אַ הפך! זיי לעבען נאָך ערגער ווי די שטאָדט־אַרבייטער: קליינע רויכיגע ערד גריבער — דאָס זענען זייערע דירות! פון דאַך און פון די פענסטער רינט בלאָטע איבער אַלע ווענד; עס קאַפּעט אָפּט אין טעלער אַריין; ניטאָ דער מין פון אַ בעט, פון שטוהלען: עטליכע ברעטער פון וואַנד ביז וואַנד דיענען אי פאַר אַ בעט אי פאַר שטוהלען, און ווי אָרעם איז זייער עסען!

— זעלטען ווער עס לעבט אַ פּאָר יאָהר ניט קריינקענדיג — האָבען איהם די אַרבייטער דערצעהלט פון זייער לעבען. זעהר אַ גרויסער טהייל מענשען שטאַרבען פשוט אויס יעדעס יאָהר. היינט וואָס טהוט זיך מיט שכירות! אויביג צאָהלט מען זיך נאָך דעם בעל־הבית ניט אויס, רק מען בלייבט נאָך איהם שולדיג,

דוד האָט זייער צער ניט געקענט אַריבערטראָגען און איז פון זיי אַוועקגעגאַנגען מיט אַ צובראָכענער האַרץ. ער האָט זיך דער־פרעגט, וואוהין מען שיקט אַוועק די גאָלד, וואו מען מאַכט פון זיי מטבעות — און איז אַוועק אַהין.

ער איז געקומען און האָט זיך קוים מיט צרות דערשלאָגען אַ קוק צו טהון, ווי און ווער מאַכט עס פון גאָלד־קערנער געלד. ערשט וואו קייסער, ווען קייסער? דער מין אַפילו ניטאָ. ווייטער די זעלבע זאַך מיט מעהר פרישקייט: ווידער אַרבייטער האָרעווען מיט שווייס..

עהעָ! קלעָרט זיך דוד, אָט פֿון וואַנעָן געלד נעָהמט זיך! פּשוט אָרעמעָ אַרבייטער לייגען אַוועק דאָס לעָבען אויף יעָדער מטבע, ביז זי ווערט פֿאַרטיג, און נאָכדעָם, פֿאַרטיגעָרהייט, שיקט מען זי אַריין אין קאַזנאַ צום קסר. פּונקט ווי אויף די פֿאַבריקען די אַרבייטעָר האָרעָוועָן, האָרעָוועָן ביז זיי מאַכען פֿאַרטיג די סחורה און דערנאָך פֿיהרט מען זי אַוועק צום פֿאַבריקאַנט אין לאַגער — עס ווערט זיינעָ.

דוד איז אַוועק אַ צוקאָכטער צוריק אין שטאָדט, וואו ער האָט די לעָצטעָ צייט געאַרבייט. דאָרט האָט ער שוין געהאַט אַ סך בעָקאַנטעָ און איהם האָט זיך געוואָלט אַביסעָל אויסריידען דאָס האַרץ מיט זיי.

— הערט, ברידער, האָט ער געזאָגט צו זיינעָ חברים אויף דער פֿאַבריק. איך וועל ביי אייך פֿרעגען אַ שטיקעָל שאלה, איהר הערט נאָר מיט קאָפּ: וואָס דאַרפֿען מיר האָרעָוועָן אויפ'ן בעל־הבית? פֿאַר וואָס זאָלען מיר בעָסער די סחורה, וואָס מיר מאַכען אוים, אַליין ניט פֿערקויפֿען, זאָל בעָסער ביי אונז בלייבען כשר'עָ האָ־רעָוואַניעָ, ניט טויזענדער זאָלען האָרעָוועָן — פֿרעג פֿאַר וואָסערעָ מעשים — אויף דעם פֿאַבריקאַנט.

זעָהסט דו, דוד'קעָ, האָט זיך אָנגערופֿען אַנ'אַרבייטער, דיין קשיא איז אַפֿילו אַ קלוגעָ קשיא; אָבער דו זאָג אַליין, וואו זאָל אונזער איינער, אַ קבצן, געָהמען אַזוי פֿיעָל געלד אויף מאַ־שינען, אויף אַזעָלכעָ טייערעָ געצייג, אויף מאַטעָריאַל?

— איך מיין, אַז עס איז ניט אַזאַ מי יודע וואָס. וואָס איז גאָר געלד? איהר פֿרעגט ביי מיר, אָט געָה איך ערשט פֿון דעם אָרט, וואו מען שמידט די געלד, זאָג איך אייך, אַז דאָס איז הבל הבלים. עס וואַלגערט זיך אין דער ערד, אין זומפּ און אָהן דעם מענשעָנס אַרבייט איז די געלד, ד. ה., די גאָלד, אַנ'אויסגעבלאָזעָנעָ איי ניט ווערט. אמת, געלד איז אַ טייערעָ סחורה, אָבער ווען? אַז אַרבייטעָר האָבען שוין אויף איהר דעם לעָבען אַוועקגעלייגט, וואָס ווייסט איהר וואָס מען צוהאָרעָוועט, ביז מען גיסט אויס דעם גאָלד אין מטבעות? פֿון יעָדער מטבע שפּריצט ממש מענשען־בלוט! איך האָב מיך אַ ביסעָל אָנגעזעָהען, וואָס פֿאַר אַ קאַטאָרזשנעָ אַרבייט דאָס איז.

— בכן, איז וואָס ווילסט דו? וואָס געהערט דאָס צו די מאַ־שינען, צו די געצייג?

— האָב צייט, ניט שלאָג מיך איבער. מיט די מאַשינען און

מיט די געציַיג איז אויך די זעלבע זאַך ווי מיט דעם געלד, וואָס איז אַ מאַשין? אַ מאַשין פאַלט פון הימעל אַראָב, וואָס? אַ מאַשין איז אויך אַ מאָל געווען ערד, אַ קאָפּיקע ניט ווערט געווען, נאָכדעם, אַז אַרבייטער האָבען דאָס אויסגעגראָבען, אויסגעברענט, אַוועקגעגעבען נאָך אַרבייטער אין די הענד: שמידען, אַ בעזונדער אבר, נאָכדעם ווי טאַקי די אַרבייטער האָבען די אֵברים צונויפגעשטעלט אין איינעם איז דאָס דעמאָלט געוואָרען אַ מאַשין. מילא, איז דאָך די מאַשין אויך די אַרבייטערס. וואָס פאַר אַ מהותן איז דער פאַבריקאַנט מיט איהר?

— ער האָט אויפגעטהון אַ סברה, אויף מיינע נאֶמנות! האָט אַ יונגער אַרבייטער אַריינגעזאָגט. אָט נעהם, למשל, די פאַבריק גופא, וואָס איז זי געווען אָהן אַרבייטער? לייים און וואַפּנע!

— נו, גוט, אַלץ גוט, האָט ווידער אָנגעהויבען דער ערשטער אַרבייטער, ווענדענדיג זיך צו דוד'ן — לאָמיר קלערען, אַז דו ביסט גערעכט, איז וואָס איז די פעולה? ווערסט דו בלייבען ביים „גערעכט“!

— וואָס איז עפּעס בלייבען ביים גערעכט, ניט מעהר? האָט דוד מיט היץ געענטפערט. ניין, איך מיין טאַקי, אַז מען זאָל בפועל ממש נעהמען די אויסגעאַרבייטע סחורה.

— און דעם פאַבריקאַנט וואָס?

— אַז ער וועט אַרבייטען מיט אַלעמען גלייך, דעמאָלט גיעבען איהם אַ חלק מיט אַלעמען גלייך.

— דאָס, ברודער, האָסטו שוין אַריבערגעהאַפּט די מאָס. וואָס איז דאָס עפּעס פאַר אַ גאַנג? גאָר גלאַט אין דער וועלט אַריין, קומען אויף אַ פרעמדער פאַבריק, מעשה־בעל־הבית. גלאַט ברוך־הבא, גזלן!

— וואָס הייסט „גזלן“! האָט זיך דוד צוקאָכט — אָט דאָס רופט איהר גזלנות: נעהמען זיך די איגענע פראַצע, די סחורה, אויף וועלכער מען האָרעוועט מיט שוויים און בלוט! אַ גזלן איז דער פאַבריקאַנט: ער בעגזל'ט טויזענדער אונגליקליכע אָרימע אַרבייטער. אָבער מיר וואָס? נאַרען זענען מיר, בהמות — אָבער ניט גזלנים.

— ניין אָבער, ברודער דוד, דאָס איז פאָרט קיין פּלאַן ניט; דאָס איז ניט ביי אייך אין וואַלד. ביי אונז זאָגט מען ניט פאַר אַזעלכע מעשיות: „שענער בחור“.

— אָט הויבט זיך אָן מיט שלימזל'ניקעס — רק געציטערט,

רק געשראָקען זיך פֿאַר יעדער האָר. וואָס וועט מען איך טהון? און פֿאַרוואָס זאָל מען אונז טהון, אַז מיר זענען דורכאויס גערעכט?

— מילא, וואָס גערעכט, ברודער, ווער קוקט אויף גערעכט?

— וואָס דען, אַזוי איז גוט? אויסציהען זיך האָרעוועןדיג מיט ווייב און קינדער און שטאַרבען פֿאַר הונגער, כדי וואָס? כדי דער פֿאַבריקאַנט זאָל פֿאָהרען אין קאַרעטען און באָדען זיך אין כּל־טוּב?

— גוט, ברודער, איז דאָס ניט, נאָר וואָס קען מען העלפֿען?

— פֿערשטעהט זיך, אַז איהר וועט וואַרטען אויף נסים, אָדער ווייס איך, ביז דער פֿאַבריקאַנט זאָל אייך קומען אַליין אָנשלאָגען זיך מיט דעם פּראָיעקט: „נעהמט, ברידער, זיך די סחורה" — וועט איהר זיך גאָר ניט אויסוואַרטען, אָבער, אַז איהר וועט מיר פֿאָלגען, וועט טאַקי זיין גוט.

— אָבער דאָס איז דאָך קיין עצה ניט: דערפֿון וועט געוויס אַרויס אַ מיאוסער סוף.

— אָט וואָס ברידער — האָט זיך אַרויסגערופֿען איינער פֿון די אינגערע אַרבייטער, — מיין עצה איז, מען זאָל געהען מדרגות'וויַיז. קודם כל לאָמיר זיך אַלע צונויפֿריידען בעטען אַ הוספה, און טאַקי ניט אָבנעלייגט אין לאַנגען באַנק, מאָרגען זאָל דאָס זיין: אויסקלייבען פֿון אונז צוויי, דריי מענשען, זיי זאָלען געהען צום בעל־הבית און זאָגען איהם אַ פּסוק: אָדער ער זאָל מוסיף זיין 20 — 25 קאָפּיקעס אַ טאָג — ווי ביי אונז וועט בלייבען — אָדער מיר לאָזען די אַרבייט. אָבער פֿעסט ברידער, אַלע ווי איין מענש. וואָס זאָגט איהר דערויף?

גוט! גוט! אויסגעצייכענט! האָבען געשריען דאָס רוב.

— אָבער געדענקט, ברידער: „גערעדט איז ניט געבולען".

וועט ער ניט געבען קיין הוספה, איז אויס אַרבייט. אַ פֿוס זאָל קיינעמס אין דער פֿאַבריק ניט זיין.

— געוויס, געוויס! ווי דען?! האָבען געשריען די אינגערע.

— זייט איהר אַלע מסכים?

— אַלע! אַלע! האָבען די יונגע לייט געשריען.

— פֿון קהל קען מען דאָך ניט אָבשטעהען! האָבען די עלטערע אונטערגעהאַלטען.

— זאָל נאָר ווער פּרוב'ען ניט האַלטען וואָרט — האָבען זיך עטליכע היציגערע געקאָכט — וועלען מיר זיך מיט איהם אָברעכענען

אויף דער וועלט. ער וועט שוין, דאַכט זיך, פערזאָגען אַ צעהנטען. הורא!

דער בעל-הבית האָט געוועהנליך ניט מסכים געווען תיכף צו געבען אַ הוספה און אויף מאָרגען, ווי גערעדט, איז קיינער צו דער אַרבייט ניט געקומען. עטליכע טעג איז די פאַבריק געשטאַנען. די אַרבייטער האָבען זיך געגוג אָנגעליטען פאַר דער צייט, פער׳משכּן׳ט זיך ביז אַזוים, נאָר גאָר ניט: ניט אַראָבגעפאַלען ביי זיך, געהאַלטען זיך שטאַרק און קלוג, אָהן רעש און אָהן טומעל. דער פאַבריקאַנט איז אומגעפלויגען ווי אַ פער׳סם׳טער אויף דראָזשקעס צום פּאָליציי-מייסטער, צום זשאַנדאַרמסקען, צום אינספּעקטאָר. פּאָליציייסקע, זשאַנ-דאַרמען און פּיסקאַלען האָבען זיך אומגעדרעהט ווי די שדים אַרום פאַבריק, אין די גאַסען, וואו די אַרבייטער וואָהנען, אין די שענקען, הערען, שמעקען, שנאָרען...

לסוף איז דער גאַנצער שעהנער עולם געקומען אויף די פאַב-ריק: אי דער אינספּעקטאָר, אי דער פּאָליציימייסטער מיט דער גאַנצער סוויטע. מען האָט צונויפגעקליבען די אַרבייטער, איבעררײדען מיט זיי.

— וואָס ווילט איהר ברידער? האָט דער פּאָליציימייסטער ווייך גע-פרעגט.

- יושר! האָט זיך דוד אַרויסגערופען, פאַר וואָס קומט דאָס איינעם גאָר, דעם אַנדערען גאָר ניט? פאַר וואָס עפּעס דער פאַבריקאַנט...

דאָס איז ניט דיין זאַך! האָט איהם דער פּאָליציימייסטער איבערגעשלאָגען, שוין מיט כּעס.

— ווי הייסט, ניט מיין זאַך!? אַז דו וואָלסט זיין אַ בעל-מלאכה.

— שוין זאָל ער ווערען אַרעסטירט! האָט דער פּאָליציימייסטער אַגעשריי געטהון, ווי אַ ווילדע היה, טייטלענדיג אויף דוד׳ן מיט׳ן פינגער.

עס האָבען זיך אַוואָרף געטהון גאָראָדאָוויע פון אַלע זייטען און מען האָט איהם תיכף צו גענומען.

ער האָט ניט געוואוסט דעם דין פון אַ יונג׳ס „סטופּאַי" און האָט זיך געפּרוב׳ט מיט זיי ראַנגלען, נאָר דאָס האָט ווי געוועהנליך ניט געהאָלפען.

אין אַ לאַנגע צייט אַרום איז געווען זיין משפּט און מען האָט איהם אַוועקגעשיקט אין דעם לאַנגען וועג, אין סיביר.

# V. אין דרוֹם זייט.

דעֶר פֿיערטעֶר ברוּדעֶר, יעקב, איז אַוועֶקגעֶגאַנגעֶן אין דרוֹם זייט; עֶר איז אוֹיסגעֶוועֶן אין פֿיעל דעֶרפֿעֶר, אין פֿיעל שטעֶדט, אין קליינעֶ און אין גרוֹיסעֶ, און עֶרגעֶץ, געֶוועֶהנליך, קיין גוּטס ניט געֶפֿוּנעֶן.

אוּמעֶטוּם, האָט עֶר בעֶמעֶרקט, איז פֿיעל גזלה און רציחה, פֿאַלשקייט און בעֶטרוּג: אוּמעֶטוּם געֶוועֶלטיגט דעֶר פּוֹיסט, דעֶר שטאַרקעֶרעֶר, דעֶר פּריץ, דעֶר גביר, דעֶר סוֹחר; דעֶר שוואַכעֶר, דעֶר אָרימאַן— דעֶר בּוֹיעֶר, דעֶר אַרבּייטעֶר, די אַלעֶ ליידעֶן צרוֹת אוֹיף'ן פּוּד. אוּמעֶטוּם— איין וועֶלט... און וואָס פֿאַר אַ וועֶלט? אַ וועֶלט מיט צרוֹת, אַ פֿעֶרקעֶהרטעֶ וועֶלט: דעֶר, וואָס אַרבּייט, דעֶר, וואָס האָרעֶוועֶט מיט'ן ביטעֶרעֶן שווייס, יעֶנעֶר האָט צרוֹת אָהן אַ בּרעֶג; דעֶר ליידאַק, דעֶר ליידיג-געֶהעֶר, וואָס לעֶבּט פֿון פֿרעֶמדעֶ פּראַצעֶ, דעֶם איז גוּט פֿוּן אַלעֶ זייטעֶן: אוֹיסעֶר וואָס עֶר בּאָדט זיך אין אַל־דאָס גוּטס אוּמזיסט און אוּמניִשט, האָט עֶר נאָך כּבוֹד פֿון יעֶדעֶר־עֶן. דעֶרפֿאַר, וואָס עֶר דרשנ'ט אַזוֹי, שטעֶהט פֿאַר איהם יעֶדעֶר אָהן אַ היטעֶל.

הײַנט, ווער רעֶדט שוֹין וועֶגעֶן די נאַטשאַלסטוואָ גוּפֿא, וואָס פֿאַר אַ מין עוֹלוֹת דאָרטעֶן טהוּט זיך, דאָס איז גאָר אַ גרוֹיל! אוֹיסעֶר, וואָס זיי שינדעֶן די הוֹיט דעֶם גאַנצעֶן עוֹלם, איז אַן אָרימאַן, אַן־אַרבּייטעֶר, וואָלטעֶן זיי גאָר וועֶלעֶן דעֶרוועֶרגעֶן לעֶבּעֶדיגעֶרהייט.

יעקב האָט זיך דאָס אַלץ אָנגעֶזעֶהעֶן. עֶס האָט איהם אַזוֹי דעֶרעֶסעֶן, אַז עֶר האָט ניט געֶקענט קוּקעֶן אוֹיף דעֶם גאַנצעֶן שעֶהנעֶם עוֹלם; עֶס פֿלעֶגט זיך איהם פֿעֶרטרייסלעֶן העֶנד און פֿיס, אַז עֶר פֿלעֶגט בּעֶגעֶגעֶנעֶן אַ דיקעֶן יוּדעֶן, אַנ'אוֹיסגעֶפּוּצטעֶן פּריץ, אָדעֶר אַ שינעֶל מיט מעֶשעֶנעֶ קנעֶפּלעֶך. עֶר איז גרייט געֶוועֶן צוּ אַנטלוֹי־פֿעֶן וואוּ פֿעֶפֿעֶר וואַקסט, נאָר זייעֶר פּרצוּף ניט צוּ זעֶהעֶן.

— גוואַלד! געֶדעֶהט אַמאָל יעקב אין גאַס און טראַכט זיך, וואוּ געֶפֿינט מעֶן עֶרגעֶץ אַ ווינקעֶלעֶ, אַנ'עֶרטעֶלעֶ, וואוּ מעֶנשעֶן לעֶבּעֶן ניט ווי די ווילדעֶ חיוֹת, איינעֶר געֶפֿרעֶסעֶן דעֶם אַנדעֶרעֶן; וואוּ מעֶנ־שעֶן לעֶבּעֶן ווי בּרידעֶר, אין שלוֹם, אין אַחדוּת, ווי מעֶנשעֶן דאַר־פֿעֶן לעֶבּעֶן!?

פֿערטיעפֿט אין אַזעלכע מחשבות איז ער אָנגעגאַנגען אויף אַ בית־המדרש.

פֿאַר איהם, זעהט ער, שטעהט אַ הויכער בנין מיט צוויי שפּיצען מיט אַ „מגן דוד". פֿון אינעווענינ, הערט ער, געהט אַ געזאנג אַ זיסער, אַ געשמאַקער, אַז די האַרץ פֿערגעהט...

ער האָט זיך אָבגעשטעלט.

— זאָג מיר, בחור'ל, האָט יעקב אַ פֿרעג געטהון אַ יונגעל, וואָס איז אַרויסגעלאָפֿען פֿון טיר, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ בנין?

— דאָס איז אַ שוהל.

— וואָס? האָט יעקב געפֿרעגט פֿערוואונדערט.

— אַ שוהל, דאָ דאַווענט מען, מען לויבט גאָט.

אָט קלערט זיך יעקב, אָט דאָ האָב איך געפֿונען, וואָס איך זוך, אָט דאָ מוזען לעבען מענשען (האָטש אין דער קלייינער צייט, בעת זיי קומען זיך דאָ צוזאַמען) ווי עס דאַרף צו זיין; אָט דאָ, אין אַ „מקום קדוש", מוז מסתמא זיין דער אָרט פֿאַר יושר, שלום, אַחדות, גלייכהייט; אויס פּניות, אויס גזלות: אָט וואו איך וועל געפֿינען אַ שטיקעלע מקום מנוחה פֿון גייסטיגע שמערצען.

מיט אַ קלעמענדיגער האַרץ האָט ער אויפֿגעעפֿענט די טיר און איז אויף די שפּיץ פֿינגער אַרייינגעגאַנגען אין שוהל אַריין.

די ערשטע ווייַלע האָט ער באמת געמיינט, אַז ער איז אַרייַנגעפֿאַלען אין גן עדן: אַ גרויסער הויכער זאַל מיט בעגולדעטע קאָלאָנען, מיט בראָנזענע הייַנגלייכטער, מיט אַ גרויסאַרטיגען הייַנג־לייַכטער אין רעכטען מיטען, פֿול מיט ברענענדע ליכט אין מיטען העלען טאָג. אונטער דעם הייַנג־לייַכטער איז זעהר אַ שעהנע בימה, אויף וועלכער עס שטעהען אַ חזן מיט העלפֿער און זינגען אַזוי גוט, אַזוי גוט, אַז מען פֿערגעסט אַלץ מיט אַנאַנדער. דער עולם איז אָנגעטהון אַלע גלייַך, אַלע אין וויַיסען (אין טליתים) אַלע שטעהען און דאַווענען...

עס האָט איהם דער אָטהעם פֿערהאַפּט פֿון נחת. נאָר... אַז ער האָט זיך בערוהיגט און גענומען צוקוקען זיך בעסער, האָט ער בעמערקט, אַז דאָ איז אויך ניט פֿור קודש...

אויבען אָן, אין „מזרח", האָט ער דערזעהען זייַנע אַלטע בעקאַנטע: באַנקירען, פֿאַבריקאַנטען, גרויסע סוחרים; אַלע אין שוואַרצע רעק, אין הויכע צילינדערס מיט עטרות אויף די טליתים, יעדער

האָט זיך זײַן אָרט, זײַן שׁעהנעם סדור'ל. נעבען טיר שׁטעהען, ווער וואו, אַרבײַטער, אָרעמע לײַט אין צולאַטעטע טליתים מיט צוריסענע סדורים...

די שׁמשים, האָט ער בעמערקט, דרעהען זיך אַרום, רק אַרום דעם אויבען־אָן: דעם דערלאַנגען זײ אַ סידור, דעם הויבען זײ אויף דעם נאָז־טיכעל, בײַ דעם נעהמען זײ צו דעם מאַנטעל; צו דער טיר געהען זײ כמעט גאָר ניט צו און אַז זײ קומען שוין, איז מיט גרויסקײַט געהען זײ אַרום און שושקען: ש־ש־ש! מען זאָל אַ הויכען קול ניט אויפהויבען...

— דאַוונען טאָר אויך אַנ'אָרימאַן ניט — קלערט זיך יעקב — אָט איז אַביסעל אַ וועלט!

ער האָט שוין געוואָלט אַרויסגעהען, נאָר אויפ'ן בימה איז אַרויף אַ דיקער יוד אין אַ קײַלעכדיגער הוט און האָט זיך מיט גדלות אַוועקגעשטעלט מיט'ן פּנים צו מזרח זײַט.

— ווער איז דאָס? האָט יעקב אַ פרעג געטהון.

— דאָס איז אונזער רב — ער וועט זאָגען אַ דרוש, מוסר.

— אָ, קלערט ווידער יעקב — מען דאַרף אָבוואַרטען. אַ רב איז דאָך מסתמא געווים אָהן פּניות, ער וועט מסתמא אויפווײַזען די מזרח־לײַט זײערע עולות, ער וועט זײ געוועהנליך אויס'מוסר'ן.

ער האָט אָנגעשטעלט די אויערען.

דער אויבער־שׁמש האָט דערלאַנגט אַ פּאַטש איבער'ן טיש און אין שוהל איז געוואָרען שטיל ווי אויף אַ בית עולם.

— רבותי! האָט דער רב אָנגעהויבען — איך וויל מיר הײַנט אַביסעל שמועסען מעניָנא דיומא, איך מײַן וועגען דעם יודישען שטרײַק, וואָס איז הײַנטיגע וואָך געווען אויף אַ יודישער פאַבריק. (אַנ'אַרבײַטער, וואָס איז געשטאַנען נעבען יעקב'ן, האָט איהם צוגעזאָגט שפּעטער צו דערציילען וועגען דעם שטרײַק: ער איז געווען אײנער פון די ערשטע שטרײַקער).

— פאַר יודען, רבותי, פּאַסען ניט אַזעלכע גאַנגען מכמה טעמים. ערשטענס, איז דאָס אַ חילול השם פאַר די אומות העולם און דערפון קומט אַרויס אַ רעה פאַר כלל ישׂראל. (שייך אַ רעה! — האָט דער אַרבײַטער מיט איראָניע שטיל געמורמעלט — עס קען דעם פאַבריקאַנט קאָסטען עטליכע הונדערטער רובל, מען זאָל אַרײַנזעצען אונשולדיגע אַרבײַטער. דאָס איז ניט קײן קלײניגקײט!) יעדער יוד

דארף וויסען, אז ער איז אין גלות און וואס אנ'ערל: טהוט און עס געהט איהם אהאב גלאט — ווערט א יוד דערפון אויסגעריסען. און ווידער גלאט מיט גוואלד נעהמט מען ניט. (ער איז א בעלן אויף דעם אנדערען — האט ווידער דער ארבייטער געזאגט — ער לעבט זיך א טאג אויף קהל'שע אקסלען און די ארבייטער זאלען ליידען און װארטען, ביז משיח וועט קומען און עס וועלען וואקסען פארטיגע בול־קעס. א פיינער פלאן אויף נאמנות!) צווייטענס — האט דער רב געזאגט, קען מען א יודישען פאבריקאנט, א ר' משה שליינמאן, למשל, ניט גלייכען צו א ערל אין קיין פרט ניט: א יוד פערשווענ־דעט ניט זיין געלד, פערזויפט ניט, פערשפיעלט ניט אין קארטען. (ערשטענס — האט דער ארבייטער בעמערקט — וועל איך דערויף ניט שווערען, און צווייטענס, וואס קומט דערפון צו דעם ארימען אר־בייטער?)

— א יוד — האט דער רב וויטער געזאגט — איז בטבע א בעל־רחמים, א בעל־טובה, א בעל־צדקה. וואו נעהמט מען ביי אונז אין שטאדט א שעהנע נדבה? — ביי ר' משה'ן; וואו קריגט מען א גמילות־חסד? — ביי ר' משה'ן, און לחם אביונים — ר' משה, „תלמוד תורה" — ר' משה, מעות הטים" — ר' משה, וואו נאר א צדקה זאך — רק ר' משה, (פריהער טרינקט ער זיך אן, זיין ר' משה, מיט ארעמע ארבייטער־בלוט, אז עס קריכט איהם שוין פון האלז, נאכדעם ווארפט ער זיי צו א טרוקענע ביינדעל, האט דער ארבייטער געמורמעלט). אזא איש נכבד איז גלאט א חטא מעיז צו זיין. שלמה המלך זאגט, אז א גביר און א שררה טאר מען אפילו ביי זיך אין הדר ניט שילטען; ניט וואס בפרהסיא מאכען בונטען! און ועל כולם דארפט איהר וויסען, רבותי, האט דער רב וויטער געזאגט, איז די גאנצע וועלט, דער עולם הזה, גלאט הבל הבלים; די וועלט איז ניט מעהר ווי א פארהויז צו אריינ־פיהרען צו יענער וועלט. היינט זאגט אליין, רבותי, איז דען ניט כדאי מען זאל קומען וואס פריהער אין זאל אריין.

— אדרבא! ווער עס ליידט אויף דער וועלט צרות, וועט אויף יענער וועלט האבען נאך מעהר שכר, און די, וואס לעבען דא גוט, וועט מען זיי אראבערעכענען פון גן־עדן.

— רבי! האט אויסגעשריען דער ארבייטער, וועלכער האט שוין מעהר ניט געקענט שווייגען — איך רעכען, אז דער שכר פאר דער דרשה אפילו — א וואסער פינף־און־צוואנציגער — וועט איהר אויך קרי־

גען אויף דער וועלט און טאקי ביי ר' משה שליינמאַן גופא.

דער עולם איז עפּעס ווי בעטויבט געוואָרען, הערענדיג אַזעלכע ווערטער.

— פּעטש גיט איהם אַזאַ שייגעץ!—האָט געשריען א דיקער יוד פון מזרח־וואַנד—אַ צאָהן אין מויל זאָל מען, ניט לאָזען אַזאַ מהוצף פנים!

עס האָבען זיך אַ לאָז געטהון דעם דיקען יודענס טעלער־לעקער: די בטלנים, דער שטוב־שדכן, דער מלמד, די משרתים מיט קולות: וואו איז ער דער עזות־פנים, דער שרץ משורץ, דער טרפה'ניאַק?!

דער אַרבייטער האָט זיך אַרויסגעמאַכט פון שוהל, נאָר יעקב'ן האָט דאָס פּערנומען פאַר'ן האַרצען. ער האָט זיך אַרויסגערוקט צום אויבען־אָן נעהנטער מיט זיינע גערעכטע טענות.

— וואָס האָט מען צו איהם? פאַר וואָס פּעטש! ער איז דאָך דורכאויס גערעכט!

— האַלט איהם דעם הולטאַי!— האָט געשריען דער דיקער יוד מיט כעס—דאָס איז פון די בונטאָווששיקעס! שלעפּט איהם אין פּאָליציי! דעם...

אַלע אַרבייטער האָבען אַרומגערינגעלט יעקב'ן, עס איז געוואָרען אַ טומעל און אַ רעש אין שוהל, אַז איינער דעם אַנדערען האָט ניט געהערט.

עס איז געקומען פּאָליציי— וועלכע עס האָט אונטערגעשיקט איינער פון דעם גבירס משרתים— און מען האָט גלייך אַוועקגעפיהרט יעקב'ן מיט נאָך אַ פּאָר אַרבייטער, וועלכע האָבען זיך פאַר איהם איינגעשטעלט, אין צירקעל (אוטשאַסטאָק).

— אַ פּאַספּאָרט האָסט דו? איז געווען דעם פּריסטאַוו'ס ערשטע פראַגע ביי יעקב'ן.

— ניין! האָט יעקב געענטפערט.

ער האָט איהם גלייך אַוועקגעפיהרט אין געפענגניש.



אין אַ קליינער צייט אַרום האָט מען איהם ווי אַ בראָדיאַגע פערשיקט אין סיביר.

## וואו איז אַן אָרעמאַן גוט?

אונזערע פּיער ברידער, אַרעסטירטע און פערמשפּט'ע אין בעזונדערע שטעדט און בעזונדערע עקען אין רוסלאַנד האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען אין דער „פּערעסילנאַיאַ טורמאַ" אין מאָסקוואַ, דער זאַמעלפּונקט פון די אונגליקליכע, וואָס געהען אין סיביר.

— ראובן! שמעון! דוד! יעקב!

זיי זענען אַרויסגעפאַלען איינער דעם אַנדערען אויפ'ן האַלז, געקושט זיך און געוויינט...

אַז זיי האָבען זיך אַביסעל בערוהיגט און איבערגעגעבען איינער דעם אַנדערען וועגען דעם „גוטס", וואָס זיי האָבען געפונען, האָט ראובן געזאָגט:

— אָה, ברידער, פאַלט ביי זיך ניט אַראָב. פערצווייפעלט זיין איז ניטאָ וואָס. אמת! לעת עתה איז נאָך זעהר שלעכט אויף דער וועלט, דאָס רוב מענשען ווערען אויסגעריסען: לעבען, לעבען מיר ניט אַזוי גוט, ווי די קאַפּיטאַליסטען מיט זייערע שומרים, מיט די דוכאָווניקעס, אָבער דאָס איז מעהר ניט ווי לעת עתה. נויט ברעכט אייזען, נויט מאַכט קלוג, נויט לעהרנט, די שרעקליכע נויט, וועלכע הערשט און בעדריקט דעם גרעסטען טהייל פון דער מענשהייט, וועט אויסלערנען צו קעמפּפען און וועט טרייבען דעם אונטערדריקטען טייל צו אחדות, צו ברידערליכקייט, די אַחדות וועט זיגען, דער אמת וועט זיעגען און עס וועט ווערען אַ נייע וועלט. אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען וועלען זיין קהל'שע, אַלע וועלען גלייך אַרבייטען און אַלע גלייך גוט לעבען און דעמאָלט וועט זיין באמת אַלעמען אויסנאַהם גוט אין אַלע אופנים.

גליקליך איז דער מענש, וואָס וועט דערלעבען יענע גאָלדענע צייט! וואויל איז די מענשען, וואָס גיבען זייער לעבען אַוועק, אום גיכער יענע צייט צו ברייגגען אויף דער וועלט...

דאָס אַלץ, ליעבע ברידער, איז ניט קיין חלום, ניט קיין פאַנטאַזיע. דאָס זענען אמת'ע ריכטיגע זאַכען דאָס מוז אַזוי זיין און דאָס וועט טאַקי באמת אַזוי זיין. מען דאַרף דערצו ניט קיין משיח, קיינע רעדעלפיהרער בכלל; דאָס וועט ממילא אַזוי זיין, דאָס פאָלק גופא וועט זיין, זיין משיח. נאָר דאָס רוב פאָלק שלאָפט נאָך דערווייַלע

פון דעם שלאָף טרונק, וואָס די קאַפּיטאַליסטען געבען זיי איין... טאָ דאַרף מען איהם וועקען. מען דאַרף איהם פאַנאַנדער שאָקלען, ניט לאָזען שלאָפען.

אָה, ליעבע ברידער! און מיר, וואָס ווייסען, וואָס זעהען, וואָס פערשטעהען דעם גאַנצען ענין, מיר מוזען אַוועקגעהען איצט אין אַנעק וועלט. ניין, ברידער, טויזענד מאָל ניין! לאָמיר לויפען... אַהין, וואו מיר זענען נויטיג, וואו מיר קענען ברינגען אַ נוץ אונזערע אונגליקליכע ברידער.

די ברידער האָבען זיך פערגעסען אויף זייערע צרות, זייערע פנים'ער האָבען זיך אָנגעצונדען... זיי האָבען גאָר אָבגעלעבט...

אין גיכען זענען די פיער ברידער געלם געוואָרען פון גע־פענגניש.

פון דעמאָלט אָן געהען אום די פיער ברידער, די וועקער, איבער דער וועלט און וועקען דעם אָרימען פאָלק קיינער זעהט זיי ניט, קיינער קען זיי ניט, אָבער יעדער הערט זייערע אָמת'ע, ברי־דערליכע רייד און עס געדט איהם טיעף, טיעף אין זינען אַריין, עס הויבט איהם אָן קלאַפּען דאָס האַרץ, עס עפענען זיך איהם די אויגען; ער ווערט גאָר אַ ניי־געבאָרענער. און זיי וועלען אַרומגעהן און אַלע וועלען זיך אויפכאַפּען — דאַן וועט קומען דער „יום הגדול", דער גרויס־סער, דער ליכטיגער טאָג פאַר אַלע פּראָלעטאַריער, פאַר אַלע אונ־גליקליכע און דערמיט פאַר אַלע מענשען בכלל...

